# איך וועל טראָגן מיין לאַסט

די האָר האָב איך גאָלדיק פאַרקעמט,
זיך אויסגעפּוצט אין אַ יום־טובדיק העמד.
אַ גאַנצן טאָג זיך געלייטערט, געפאַסט —
זאַלבט מיך, איך וועל טראָגן מיין לאַסט.

דער בלענד פון טאָג האָט מיך אין שאָטן געבראַכט,
דאָ האָב איך מיין וויגל אויסגעטראַכט.
פון אַלע פאַריאָגט, פון אַלע פאַרהאַסט —
זאַלבט מיך, איך וועל טראָגן מיין לאַסט.

אַזוי פיל געשטאַלטן שוועבן פאַרביי.
זיי טראָגן מיט זיך נאָך דעם אויוון, דאָס בליי.
אין אָוונט בין איך זייער געהויבענער גאַסט —
זאַלבט מיך, איך וועל טראָגן מיין לאַסט.

שטענדיק וועלן נאָך עטלעכע בלייבן
דעם לאַנגן טרויער אויף מגילות צו שרייבן.
ביים גרונט איז די שיף, נאָר אין זון שטייט דער מאַסט —
זאַלבט מיך, איך וועל טראָגן מיין לאַסט.

## ער איז אומעטום

זוך אים נישט אַרום, ער איז אומעטום,
אין שאָרך פון בלאַט, אין פאַרב פון בלום.

עפנסט די ליפּן און גאָלדענע רייד
זינגען דיין ליד מיט טיפן באַשייד.

די זעלביקע ליפּן קושן די פרייד
וואָס גאָט האָט אין גלוסט פון די גלידער פאַרזייט.

דער מוטערס שמייכל, דאָס קינד ווען עס קוועלט,
דער מענטש — זיין געבוי, וואָס איז מיט שיינקייט באַהעלט.

פאָכעסט מיט די הענט — אַ פויגל אין געפלי.
ווי אַ קינד שלאָפסטו איין נאָך דיין שווערער מי.

אין זומערדיקע היצן, אין וואַסערן וואָס קילן —
אין אַלץ איז דאָ זיין רצון, איז דאָ זיין ווילן.

אַפילו אין שנייען, וואָס אַלץ פאַרשנייען,
און אין בלענד פון דער זון אויף גאָרניט צעגייען.

דער גריל — וואָס גרילט, און דער פויגל וואָס שפּילט,
די שוואַרצקייט, וואָס האָט די נאַכט אין סודות געהילט.

אין יעדער קער, אין יעדער רמז,
איז אָנגעגורט זיין טיפער אמת.

זוך אים ניט אַרום, ער איז אומעטום.
עפן דיינע ליפּן און זאָג בלויז — קום!

# זינגפויגל

זינגפויגל, וואָס קומט מיר אַרויס פון דיין געזאַנג
אַז דו בייטסט דאָך קיינמאָל נישט איבער דיין קלאַנג.

ווער באַוואונדערט דעם גלאָק וואָס גלינט און גלאַנצט ?
זיין טאָן איז נאָך דערוויל צו קיינעם ניט באַקאַנט.

דער ים אַפילו, וואָס איז ניט וויט פון מיין טיר,
קרעכצט נאָך אַלץ דעם זעלבן — אָך און ווי איז מיר !

איך מיין ניט חלילה דיר ווי צו טאָן — ניין !
ווייל פאַראַן אין דיין קול אַ לירישער חן.

נאָר אויב דו ווילסט מיר מיט דיין ליד איבערצייגן,
זינג מיר אַ האַרבס־ליד, אויף האַרבסטיקע צווייגן.

# מה טובו

אַ סך גרוילן וועלן מיר פֿאַרגעסן.
מילדער וועט ווערן אונדזער פּיין;
די שוואַרצע קראָען זאָלן ניט צעפּרעסן
די כּוחות אונדזערע, פֿון מוזן זיין.

אין צער די וואונדן וועלן מיר פֿאַרקניפּן.
אויסוואַשן די טרערן פֿון די אויגן.
דער ערשטער שמייכל אויף אָבלדיקע ליפּן —
די זון איז מיט נעפּל נאָך פֿאַרצויגן.

מירן ווידער זייען און ווידער האָפֿן.
אין שאָטן פֿון באַרג די נעסטן בויען.
נאָך אַלע גזירותדיקע שטראָפֿן
אין זיין רשות זיך אָנפֿאַרטרויען.

מירן געבערן זין און געבערן טעכטער.
עס וועט נאָך זומערן אויף אונדזער פֿעלד.
זיין שאָף וועט ווידער איינזאַמלען דער וועכטער.
מה טובו, ווי גוט איז יעקב דיין געצעלט.

# אַ געזאַנג פון שיינקייט

איך זינג דיר אַ געזאַנג פון שיינקייט
דורך וואָרט — ציר פון געדאַנק.
ווי אַ מיידל אין ציכטיקער ריינקייט
זאָל העל זיין אין ליד מיין געזאַנג.

דער פויגל זינגט שירה אין פרימאָרגן.
איך זינג אַ גאַנצן טאָג.
צו אַלץ וואָס איז נאָך פאַרבאָרגן
עפן איך די ליפּן און זאָג:

געבענטשט די ערד וואָס גיט שפּראָצונג פון איר טראַכט.
געבענטשט די פרוכט וואָס גיסט דעם וויין
אין מיינע גלידער. געבענטשט די נאַכט
וואָס פירט מיך אין פרימאָרגן אַריין.

געבענטשט די וויטקייט וואָס איך קאָן ניט דערגרייכן;
וואָס רינגלט אַרום מיך מיט זילבערנעם טרוים.
נישט די אַנטפּלעקונג, איך וויל בלויז דעם צייכן.
אויף ראַנדן פון בעכער דעם זילבערנעם שוים.

פון אַלע דערגרייכונגען זאָל בלייבן אַן אָרט.
אַן אָרט פריי מיט די פליגלען צו שוועבן.
דעם דיכטערס האַרץ זאָל זיך צאַפּלען אין וואָרט
און מיט טרוימען באַזוימען דאָס פּשוטע לעבן.

#ביים ברעג פון די טעג

לאָמיך צורו, טשעפּע מיך ניט,
דאָ וועל איך רוען — ביים ברעג פון די טעג.
מיט אַלע כוחות האָב איך זיך געמיט,
נאָר די זון האָט פאַרברענט מיין פאַרמעג.

איצט בין איך דער שטויב פון ווינט פאַריאָגט.
פון אַלע וואונדן בין איך בלויז געבליבן.
איצט בין איך דער נביא וואָס האָט אין אַש געקלאָגט,
נאָר זיין וואָרט איז אין ערגעץ ניט פאַרשריבן.

איצט בין איך אין מדבר דער פלאַמיקער דאָרן.
איך ברען און איך ברען און ווער פאַרברענט.
איך קני ווי אַ קנעכט אונטערן בייטשערס צאָרן —
גאָט האָט זיך אין מיר נישט דערקענט.

# דאָס שטילע געמאָל

(רעטראָספּעקטיוו)

אַ שווערער הימל האָט צוגעדעקט דעם טאָג.
די אַלטע לייט האָבן אויסגעקוקט נאָך עלטער.
יעדער איז געזעסן פאַרוויקלט אין זיין קלאָג
אין די אויסגעקרומטע, הילצערנע געצעלטן.

אַ שוואַרצער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך אַליין דיריגירט
מיט האַסטיקן אימפּעט, מיט וואָלקנס רויך —
אַ דערשראָקענע חיה האָט פּלוצים דערשפּירט
די האַנט פון יעגער געצילט אין איר בויך.

וואָיע נישט און וועק נישט דעם כמורנעם דרויסן;
וועק נישט די שטילע ליפּן פון קינדער.
ווייסט דאָך סיי ווי נישט אַנטלויפן
פון זיך, און אויך נישט פון די צינדער

וואָס ברענען אויס דעם אָטעם פון דער וועלט.
זע ווי דער הימל נידערט צו דער ערד.
זע ווי פינצטער עס ווערט אין די שויבן.
די ציגן ליגן און ווערן פאַרצערט

און שוויגן ווי גוטע קינדער אין די וויגן.
זיי ווייסן אַז אַלץ איז חרוב און גאָל.
די ביימער שטייען אין סקעלעטן פאַרשוויגן.

אַ גרויזאַמער צאָרן, פון פייער און שטאָל,
טרייסלט דאָס האַרץ פון שטילן געמאָל.

# וועסט אים נישט כאַפּן

כל הנוגע בהר מות יומת
שמות, יתרו, יב

**וועסט** אים נישט כאַפּן,
ווי דו קאָנסט נישט אַרויפשיסן קיין צוים
אויף די זוניקע רענדלעך וואָס באָדן זיך אין ווייסן שוים.

ווייל דו קאָנסט נישט אַראָפּגלעטן
דעם גלאַנץ פון אירע ברוסטן,
וועסטו אייביק גלוסטן.
און ווי דער שקלאַף פאַרן שטיקל זעמל,
פירן דורך דיין וויסט דער רייטערינס קעמל.

די נאַכט וואָס דעקט צו אַלץ —
ווי נאַקעט זי בלייבט אַליין ;
ווי דער ווינט טרייבט איר מיט פלאַכטעס זאַלץ.
נאָר ווייל זי הילט אַלץ,
און נישט זיך אַליין,
וועט זי ביזן מאָרגנשיין אין טריישאַפט נישט פאַרגיין.

דער ווייסער קראַנץ,
וואָס באַבלומט און באַהעלט
דעם לײמענעם טויט,
איז אַליין פאַרשניטן פון דער וועלט.
דער דופט גוסטט אויף זיין טאָגיקן דויער.
זיין גאָרטן, אַן אָפּגעגאָלטער טרויער.

טייטל נישט דעם פינגער
אויפן אָרעמען גאַסן־זינגער,
אויף די בערדיקע קאַצאַפּן —
וועסט אים נישט כאַפּן.

וועסט אים נישט כאַפּן,
ווי דו קאָנסט נישט אַרויסצאַפּן די פאַרבן
וואָס פאַראומערן און באַצויבערן די ערדישע יאָרן.
וואָרים גאָט קען זיך אַ הויב טאָן מיט צאָרן,
און מיר וועלן אַלע שטאַרבן.

# גאָט דער גערעכטער

ווער יאָמערט אין דרויסן אַזוי ביטער,
דער הונט ?
נישט דער הונט.
דער ווינט ?
נישט דער ווינט.
באַהיט מיך, שומר, באַהיטער.

וואָס מיניעט אין די אויגן פון בליקער,
די שטערן ?
נישט די שטערן.
לאַמטערן ?
נישט לאַמטערן.
דערבאַרעם זיך, רחמן, דערבאַרעמדיקער.

ווער קלאַפּט אויס דעם טרוים פון די שויבן,
דער שלעכטער ?
נישט דער שלעכטער.
דער שעכטער ?
נישט דער שעכטער.
באַצויבער מיין שטייגן, דערהויבער.

# דער גרויער טויער

דער גרויער טויער — זאָל ער שטיין.
איך וועל אים ניט עפענען מער.
נישט מיט קיין טרויער, נישט מיט געוויער —
איך וועל אים נישט עפענען מער.

איך וועל נישט צערטלען מער דאָס גראָז.
זאָל וואַקסן ווי אַ ווילדע באָרד
דאָרט וואו די ערד האָט פאַרשאָטן דעם מאָרד —
זאָל וואַקסן ווי אַ ווילדע באָרד.

זאָל אויפשטראַלן די זון מיט גאָלדענע שפּיזן.
איך וועל זיי מער נישט באַוואַכן;
מיך אויספּוצן העל, אין די שענסטע זאַכן —
איך וועל זיי מער נישט באַוואַכן.

זאָלן מיסטיקע ווערים אָפּראַמען אַלץ.
זאָל גאָרנישט, גאָרנישט נישט בלייבן.
פאַרמעקט זאָל זיין דער געדאַנק, דאָס שרייבן —
זאָל גאָרנישט, גאָרנישט נישט בלייבן.

## די דמיונדיקע שעה

די דמיונדיקע שעה,
וואָס שטאַרבט אַריין אין דיר
און אַקערט אויס דעם טיפן קאַרב
וואָס וואַנדערט מיט מיט דיר,
דעם לאַנגן וועג,
דעם אוניווערז.

קניסט אַראָפּ צום האַרטן גאָט
און וויינסט אַריין אין אים
דיין גאַנץ געביין.
נאָר דער האַרטער שטיין
גליטשט אַראָפּ דעם טרויער
פון זיין גענאָד.

שפּאַנסט, מיטן הויכן שפּאַן,
אויף דער צעהאַקערטער שרעק —
אַראָפּ.
אַהין.
אַוועק.
A speck.

# אין האַרבסטיקן געמיט

(יעקב גלאַטשטיינען אַ מתנה)

שטאַרב, און פאַרשרייב דעם פאַל ווי אַ הייליקן וואונדער.
זע ווי וואונדערלעך דו פאַרגייסט:
דער הימל היט דיך מיט אַ גאָלדענער בריל.
דער שפּיל־פויגל גיט אַ טרעל
און בלייבט שטיל.
אַ טרעל,
און בלייבט שטיל.

און די שטילקייט פאַרציט דעם בליק מיט אַ ווייסן חלום:
קינדערלעך פליען ווי קאַטשקעס
און זינגען אונדזער ניגון אויפן קול.
און אַלע זינג־פייגל זינגען מיט,
און אַלע עפּל־ביימער בליען מיט,
און אַלע טאַנץ־מיידלעך טאַנצן מיט.

ביז די ליולקע אָטעמט אויס דעם לעצטן הויך,
און פאַלט קרום אויף דער בלאַסער ליפּ,
אונטערן טרויעריקן הימל,
אונטער די פאַרעקשנטע פאַלמען,
אונטער דער הייסער, זומערדיקער קעלט.

די בלעטער שוידערן און דער דונער קראַכט.
די גלעקער קלינגען און דאָס ווידערקול לאַכט.
ווי אַ שטומער אַלמן יאָמערט דער ווינט.
די הויכע פערד, אָדלערס אין געשפּאַן,
גאַלאָפּירן אַוועק מיטן לעצטן שטיקל טאָג,
מיטן לעצטן פּיצל גאַס.

דער איבערמאָרגן וועט זיך אויפכאַפּן
מיט ווייסע מילך־פלעשער, און רויטע פּאָמעראַנצן;
מיט טומלען וואָס רוישן און רעשן —
ווער וועט טראָגן די ברילן? די הייליקע קאַמאַשן?

די ווערטער, אויסגעקריצטע טרייסט אויף שטיינער.
דאָרטן וועט מען איינזאַמלען די ביינער.
דאָרטן וועט קלאָגן דער איינזאַמער וויינער.

## ש. ניגער

דער גאַנג פון גייער בלייבט
אין די טריט, וואָס ער פאַרשרייבט
מיט די שיך, אויפן וועג צו זיך.

אין קליינעם שמייכל אַזאַ פרייד.
די פרייד פון זייער וואָס האָט פאַרזייט
געראָטן, ווען די זון פאַרגייט.

די לערקייט אויף דיר
וועט זיך צודעקן, אין גין־גאָלדיקן וועטער.
די לערקייט פאַר מיר
וועט געדויערן, אין די ליידיקע בלעטער.

# פּאָרטרעט

די לאָזט די פּוסטקייט אונטערן שלאָס,
און שפּאַנט אויף שלעפּעריקע קני,
צו דער אייביק באַלויכטענער נאַכט,
אַלע אינדערפרי.

אַלע גלידער ברעכן —
די נאַכט האָט זיך לאַנג געצויגן.
אַלע לעמפּלעך שטעכן
די האַלב־דערוואַכטע אויגן.

די האָר, גראָע פּעדים פון יאָר.
די ברוסטן פּאַריתומט און אומבאַגערט —
דאָס קלייד דעקט צו די וואָכעדיקע ווערט.

אַמאָל איז זי געווען די ווייסע פרייד,
פאַר די וואָס האָבן הערצער אויסגעשפּרייט,
זי זאָל שטיין — ס׳געווען ניט שווער —
מיט שפּיציקע אָפּצאַסן, און גאָרניט מער.

אַמאָל איז זי געווען דער וואַרעמער סאַטין
פאַר די הונגעריקע פינגער אין באַגין.
נאָר יענע זיינען שוין לאַנג אונטערן זאַמד.
אַנדערע יאָגן זיך דורך וואַסערן און לאַנד.

די סאָבוויי אוידעט זיך,
זי אוידעט זיך מיט.
מיט אַ שלעפּעריק געמיט
און איינגעקאַרבטע זאָרגן —
אין אונטערערד׳ס שטאָלענעם פרימאָרגן.

# דער שײנער טויטער

אַ שײנער טויטער בײַ מײַן בעט
זאָגט איך בין אים שטאַרק באַקאַנט.
ער איז אַ יונגער פּאָעט.
מיר האָבן אָפּט געוואָגלט באַנאַנד.

ער קען מײַן טאַטן, מײַן מאַמען,
ער קען מיך פֿון זאַראַמבע, מאַלקין.
— מיר זײַנען געוואַקסן צוזאַמען,
געדענקסטו נישט ווער איך בין?

איך וויל זיך צו אים נישט דערקענען
און קער מײַן פּנים צום וואַנט.
ער טענהט אַלץ אַז מיר זײַנען
לאַנדסלײַט — פֿון זעלביקן לאַנד.

ער קריכט אַרײַן אין מײַן בעט
און נעמט מיך אַרום מיט די בײנער,
ווי אַ חתן אומאַרמט אַ כּלה,
און קושט מיך מיט זײַנע צײנער.

אַז ער זעט אין מײַנע אויגן טרערן
הויבט ער אָן מיך צו גלעטן,
איך זאָל מיך, זאָגט ער, נישט ווערן,
ער קומט צו אַלע פּאָעטן.

ער קען הײנען, שעלין — ער קען יעדן,
האַלפּערן, אַבאַ שטאָלצענבערגן.
איך רעד, איך וויל אים פֿאַררעדן,
ער זאָל מיך פֿון ליבשאַפֿט נישט ווערגן.

איך זאָג אים איך בין אַזאַ מידער:
דער טאָג האָט מיין לעבן באַשווערט.
— דאַכט זיך, באַקאַנטע ווערטער,
ער האָט זיי שוין ערגעץ געהערט.

איך זאָג אים איך בין אַזאַ מידער:
איך וויל מיין ווייטיק פאַרשטילן.
נעמט ער און האַלדזט מיך ווידער —
איך גיב זיך איבער זיין ווילן.

אַז ער זעט איך בין שוין פאַרשטילט,
לאָזט ער אַ שטילן מיך איבער.
ער האָט שוין מיין ווייטיק דערפילט
און לאָזט זיך אין אַנדערע שטיבער.

## צוליב אַ קליינקייט

צוליב אַ קליינקייט האָב איך פאַרלוירן אַלץ:
די זון, די שטערן, דאָס ביסל זאַלץ
וואָס האָט באַזילבערט מיין לעבן.
אַלץ, אַלץ האָב איך אָפּגעגעבן
צוליב אַ קליינקייט.

צוליב אַ קליינקייט שלאָף איך אויף דער קאַלטער ערד.
בייזע חלומות מיט לאַנגע בערד
בינדן מיט שרעק מיינע הענט און פיס.
איך הענג אויף מיין לעבן ווי אַ ליידיקע נוס
צוליב אַ קליינקייט.

צוליב אַ קליינקייט שווימט דער גאַנצער ים אַוועק.
ווי קען איך שווימען צו מיין צוועק
דורך טיפע היילן, מאָכיקע זומפּן.
ווי אַ וואָרים ווער איך איינגעשרומפּן
צוליב אַ קליינקייט.

# איינגעקריצט אין קאָרע

אויף אַ שווערן שטיין
זיצן גראָע האָר.
און זי קלאָגט און קלאָגט
אויף אירע וויסטע יאָר.
און דער רעגן צוואָגט
און צוואָגט אירע גראָע האָר.

ס'אַ מעשה איינגעקריצט אין קאָרע:
אַ שטעקן און אַן אַלטע צרה
האָבן געטאַנצט אויף אַ חתונה.
האָט אַ שלאַק, אַ דונערס צאָרן,
אַ פּאַטש געטאָן די באַק פון שטעקן,
באַלד נאָכן באַדעקן.

האָט אים אָפּגענומען אַ האַלב באַדייט.
און ער האָט אָנגעהויבן וואָגלען מיט די לייט
וואָס שווייגן קרום, און זינקען אויף אַ זייט.

נאָר די צווייטע האַלב, וואָס האָט
צום טאָג געגאַרט, און צום הימלס ווייט,
האָט אין דער טיף די צווייאיקייט פאַרשוויגן,
ווי דער אָפּגרונט פון אַ גילגולס ניגון.

אַ מאַלפּע לויזט זיך אויף אַן אַלטן בוים.
אַ בלינדער קרייזט די נאַכט אין טיפן ליים.
אַ כלה שלאָפט צופוסנס פון אַ טרוים.
און איך, אַ האַלבער פויגל,
אין אַ צעלעכערטן רוים.

# מאָנאַ ליזאַ

דער טעלעפאָן שווייגט.
איך שוויג.
דאָס בילד אויף דער וואַנט,
זומערדיק צעצווייגט,
שווייגט.
איך קוק אַנטקעגנאיבער,
אין דער שויב,
קושט זיך אַ טויב מיט אַ טויב.

— און די מאָנאַ־ליזאַ שווייגט.
אוי, ווען זי גיט מיר אַ קוש מיט איר וואָרט.
ווען זי גיט מיר אַ זופּ פון דער קוואַרט
וואָס זי האָט געטרונקען מיטן מאַן פון מילאַן.

(קילער וויין און געטלעכער פינגער,
ווי זיי גרייפן צו די שלייפן
און פאַרשיכורן דעם זינגערס
שענסטע געבורטן.)

איך וועל איר נאָך פּאַקן
אין מיין אויסגעשטערנטן גאָרטן,
זי וועט נישט אַויסהאַלטן אַליין.
איך וועל איר אין מיין וועב פאַרוועבן.
מיר וועלן טרינקען און טרינקען —

צו איר לעבן אין שטיין,
און מיין פאַרשטיינערט לעבן.

# פאַרלאָשענע פאַרלאַנגען

כ׳האָב אויפגעבויט אַ יום־טוב אין מיין וועלט,
און באַמאָלט אים מיט די שענסטע בלומען.
אַ פויגל צו שפּילן האָב איך אָנגעשטעלט
פאַר די געסט. קיינער, קיינער איז ניט געקומען.

די זון איז אויפגעגאַנגען און פאַרגאַנגען.
דער פויגל האָט אָפּגעשפּילט און איז אַוועק.
איצט זשאַרען פאַרלאָשענע פאַרלאַנגען —
אויפן הימלברעג אַ רויטער פלעק.

איצט זשאַרען פאַרלאָשענע פאַרלאַנגען.
און דער פלעק איז שוין אויך פאַרגאַנגען.
דעם טאָגס שווערער שטיוול איז געבליבן שטיין.
אַ נאַכט, שוואַרצער סאַמעט, ווי דו הילסט דאָס איינזאַמע געביין.

## דער נאַכטיגאַל

דער נאַכטיגאַל האָט פאַרשפּעטיקט אין מיין לעבן,
ער ווייסט נישט אַז כ'האָב שוין
אַ באָרד אַ שפּאָרע, מיט גרויע געוועבן.

אויב אַמאָל אַ געזאַנג
שפּאַלט די פאַרשלאָסענע ליפּ,
איז עס דעם שיכורס געטראַנק,
וואָס וויל נאָך אַ הויב טאָן דעם פליגל
איבער זיין הויקערדיק לעבן,
און ווינטשט זיך לחיים אין שפּיגל.

די פאַרגליווערטע וואָלקנס —
סימבאָלן פון נעכטיקע באַגערן;
תפילות שטילע, אָן טרערן.

טעג, געפּלאַצטע סטרונעס —
אַלע טענער שווייגן.
רחמנות, גאָט, רחמנות,
אויפן ליכטיקן שפּילער.

בלויז איינמאָל נאָך וויל ער
דערפילן דעם גנאָד פון דיין האַנט,
דערהערן דאָס ליכט פון דיין קול,
דערנאָך זיין צויבער פאַרלעש —
אויף אַלעמאָל.

# אַלץ איז קלאָר

מיין אומרו גאַלאָפּירט — אַ צעזביעגעט פערד.
איך טראָג מיך נאָך אומגעווערט.

דער לאַנגווייל בייטשט מיט אַלע בייטשן —
איך נידער אַראָפּ.
די אומפאַרשטענדלעכע טייטשן
ברעכן מער נישט מיין קאָפּ.

אַלץ איז קלאָר:
דער צויבער האָט פאַרלוירן די גאָלדענע האָר.
די פולע, קאַרשיקע ליפּן —
אַ קרומער צייכן אויף איבערצוהיפּן.

דער מאָדנער מאַן וואָס דרייט זיך דאָ
מיט באָרוועסע פיס אונטערן קלייד,
ער דזשאָבעט ווי אַן אַלטע קראָ
זיין אייגן לעבן, און שמייכלט ברייט...

דערמוטיק מיך קול פון אומזעבאַרע ווייטן.
איך שווידער אין גרויל פון די אַלטעגלעכקייטן.

# פון אַלע לבנות

פון אַלע לבנות איז געבליבן בלויז
דער צעבראָכענער טעלער ביים הויז,
וואָס די באָבע האָט פּאַרקערט מיט אַ שווערן זיפץ.

איז לאָמיר דאַווענען מעריב. ווייל
דער גאַנצער אומגליק איז שוין אויסגעשטערנט
מיט העלע פונקען;
דער זוים איז איינגעטונקען
אין וויסטעניש, ווי דער אַלטער באַרג,
וואָס שלאָפט אונטערן בופעלס קאַרק.

דוד המלכּס פידעלע וועט שוין ניט שפּילן
אַזוי זיס,
און מרים הנביאה וועט נישט פּייקלען מער,
און צוטופּען מיט די ליכטיקע פיס.
ווייל דער זייל, דער פייערדיקער זייל,
איז דער בלאַנק אין דער שייד,
וואָס האָט געשאָכטן דעם האַלדז פון אונדזער פרייד.

איך וועל פאַרמאַכן היינט די לאָדנס
אויף די אייזערנע שטאַבעס,
און אַרויפשלעפּן די קאָלדרע איבערן שטערן.
איך ציטער פאַר די וואָכעדיקע בערן
וואָס קומען מאָרדן לכבוד שבת.

## דער ליכטיקער טרויער

פופּציק ווינטן האָבן דורכגעשניטן מיין לייב —
גאָט, באַשירעם מיינע רייד,
נישט זיך צו דערקענען ווי אַ פאַלשע ווייב
וואָס ציט פאַר יעדן אַראָפּ דאָס קלייד —
צווישן שטראַל און גאַל זאָל זיין אַ צווישנשייד.

די זון איז אויפגעגאַנגען אין אַ שמאָלער שויב.
אויפן טיש, אַ פּאָר פליגן, עטלעכע קרישקעס ברויט.
די מאַמע, ווי אַ פויגל, האָט געפּאָכעט מיט די פליגל: אַ לויב, אַ לויב.
אַ לויב אים פאַרן ברויט, פאַרן אויפּטל קרויט,
און פאַרן יינגעלע וואָס איז אַזוי פיין געבויט.

דער טאַטע, מיט ברייטע פּלייצעס, האָט אַוועקגעפירט זיין קראַפט
אויף אַ שיף קיין אַמעריקע — עפּעס ווערן.
און דאָ, צווישן פוילישע וועלדער, ביי אַ לעמפּל נאַפט,
זיינען יידעלעך געוואַקסן, מיט לאַנגע פּאות און הויכע שטערנס —
אוי, מאַמע, ווי עס שטראַלן דיינע לויטערע טרערן.

דערנאָכדעם איז געקומען אַ לקוי־חמה,
און די פינצטערניש איז שוין קיינמאָל ניט אַוועק.
פון אַלע גוטע פינגער איז בלויז געבליבן אַ געדעכעניש — מאַמע.
און קיינער האָט נישט אָפּגעהאַלטן די שרעק,
וואָס האָט זיך געהויבן העכער און העכער,
ווי דעם טאַטנס געבעק.

דער ווייסער שניי האָט געפינקלט ווי אַ קרוין.
אויף אים איז דאָס באָרוועסע יינגל געגאַנגען — שטיל,
מיט גרויסע טרערן און בלאָנדן חן.
די טריט זיינען געווען ווייך און קיל...
די זון האָט געלויכטן מיט קאַלטן מיטגעפיל.

די זון האָט אָנגעהויבן מיט וואַרעמקייט צו גלעטן.
דער שניי איז צעגאַנגען,
און דאָס באָרוועסע יינגל איז געבליבן אין פעלד
אַליין. מלאכים האָבן געזונגען הימלשע סאָנעטן.
פון די געזאַנגען איז אויפגעגאַנגען אויף דער וועלט
דער ליכטיקער טרויער — און פאַרטרויערטע פּאָעטן.

# אַ שטיקל הימל איז געַנוג

אַ שטיקל הימל איז גענוג,
אַלע שטערן שײַנען אין מײַן דאַך.
גאָט וואוינט אין דער טיף.
קלײנע מלאכימלעך
פאָכען אַרײַן דעם פרימאָרגן
מיט די ווײַסע פליגל.

ווער קען מיך באַזיגן?
ווער קען מיך אָנגרײַפן
הײַנט מיט די גרײטע שפיזן?
נישט די פּימפּערנאָטערס, נישט די ריזן.
וואָרום הײַנט בין איך אַנטוואָפנט;
הײַנט בין איך אַנטבלויזט
פון אַלע פאַרדעכטיקטע קעשענעס.
איך בין ממש נאַקעט.

און אַזוי שטײ איך טאַקע,
אַנטקעגן שפיגל,
און רויטיק זיך ווי אַ בוראַק,
נישט ווי אַ ציגל, פאַר בושה:
פאַר אַלע שטרײַטן,
פאַר אַלע פראָנטן,
פאַר אַלע אויסגעקעמפטע האָריזאָנטן.

אַז איך קלעטער אַרויס
פון קלײדערוואַרג,
פון די אָנגעגורטע שטיוול,
באַגרײַף איך ערשט מיט וואָס פאַר אַ פרייד
גאָט האָט מיך אָנגעקלײדט.

# אַ לאַנד מיט גרינע גרעזער

אַ לאַנד מיט גרינע גרעזער,
קי מיט פלאַטשיקע נעזער,
אַ פויגל איז אָנגעפלויגן —
קאָלירן פון רעגנבויגן.

זינגט דער פויגל און קוועלט:
אַ מחיה היינט אויף דער וועלט,
דער הימל — מ׳זעט ניט קיין וואָלקן,
דער רעגן האָט אים אויסגעמאָלקן.

די ביימער — ס׳אַראַ גרינקייט
אויף דער שפּיציקער דינקייט,
אַ שמעטערלינגל פלאַטערט
אַרום, און ווערט ניט פאַרמאַטערט.

און איך בין אויך אינדערמיטן,
די בליאונג וועט מיך באַשיטן,
אַ חתן אין מיטן דערינען,
עס שמייען און האַווען די בינען,

און זשומען פון קוויאַט צו קוויאַט,
אוי ווי דער אַראָמאַט
דערקוויקט און גיט אַ דערהויב
צום אַלמעכטיקן, דאָס ביסל שטויב.

# די נאַכט פון צוויי

די נאַכט איז פול מיט צוויגן.
דערשראָקענע הירשן שטייען און שווייגן.
אויף אַ פּיצל ערד וויינט אַ קאַץ.
אַלע מענטשן זיינען אַנטלאָפן,
אַלע זשאַבעס שלאָפן.
צוויי פון ליבע קראַנק,
שלעפּן די שלאַפע קני
צום זילבערנעם טייך,
צו דער שמאָלער באַנק.
אַ שוואַרצע לער הענגט אינדערמיטן.
אויף דער באַנק איז אַ שד אַוועקגעריטן.
זיי בלייבן אין דער נאַכט —
די געטרייע היטערן.
קושן די שוואַרצקייט
און ציטערן.

# דער שײנער לעאָן

דער שײנער לעאָן, װײ און װײנד,
ליגט אויסגעצויגן.
װאו זײנען זײנע שײנע אויגן
אַצינד ?

װי אַ בעקאָספּוד־צאָן
ליגט ער אַרויסגעריסן, לעאָן.

און זעט װי ער שװײגט —
אַ לײלעך גיט אַמאָל פון װינט אַ ציטער.

(אוי, װי אין מויל איז ביטער.
די אויגן, שװערע שױבן, װאָס דער רעגן
װאַשט מיט צעבערעס טרערן.)

ער באַדאַרף זיך װערן, לעאָן,
די גאָלדענע קאַרעטע װעט בענקען
נאָך די זילבערנע טעמפּלען, געשליפענעם דענקען.

די ציפערן װעלן בלאָנדזשען אומגעפּאָרט.
דער דינער װעט נישט אײנפּרירן אויפן אָרט.

אוי לעאָן, לעאָן,
ליג נישט װי אַ לײמענער היעראָגליף
װאָס איז געקומען פון מצרים אויף אַן אָקסן־שיף.

גיב אַ ציפּל ; פאַרויכער אַ ציגאַר,
אַ שװערן.
מאַך צו נאַר דעם גבאי, דעם בעדער,
די טרערן.

דער עראָפּלאַן פֿליט באַלד אַפּ קיין באַללאַלאַ.
עפּיקורן רייטן אויף געפֿלאָכטענע חלות.
און שטייפֿע פּאַיאַצן, מיט רויטע לאַצן
האַלטן דעם רייץ אויף זילבערנע טאַצן.

אַז דער צימבלער גיט אַ דונער אין בעקן
הויבן זיי זיך אָן ווי אַקטיפּוסן וועקן.

דו שווייגסט, לעאָן.
טויב זיינען צו דיר מיינע רייד,
און טויב די וואַנט,
וואָס האָט דיך אָפּגעשיידט.

# דאָס איז מוט

ער זיצט ביים טיש
מיט אַ געשאָכטענעם האַלדז,
אין בלוט —
דאָס איז מוט.

און שרייבט אַ בריוו צו גאָט,
אַז אַלץ
איז וואויל און גוט —
דאָס איז מוט.

דעם פויגל, וואָס שרעקט
אַז איינער גייט,
וואָס ברענט און בראָט
מיט אַן אייזערנער רוט,
יאָגט ער אַוועק —
דאָס איז מוט.

און קושט דעם טיש, די ווענט,
און זעצט זיך אַוועק,
אויף אַ גאָלדענעם פלוט,
וועקן דאָס ליכט פון טאָג —
דאָס איז מוט.

# דער קליינער וואָרים

דער קליינער וואָרים וואָס פרעסט מיט אַ גרויס מויל;
וואָס צעפרעסט דאָס שטאַרקע האַרץ פון שטאָל,
און קערעוועט אַוועק אין אַן אויסגעבעטן טאָל,
און שלעפערט איין אין וואוילטאָג, אין אייגענעם געקנויל.

די אייגענע אויגן ווערן דיר פרעמד,
קוקסט אַריין אין ליכט אַריין ווי בלינד.
ווי שניידט דער ווייטיק, ווי שניידט אַצינד
דאָס שטיקל ווײ וואָס האָט בלויז דאָס האַרץ פאַרקלעמט.

זינגט מיט מיר דאָס ליד פון אונטערגאַנג
כל־זמן די זון פאַרזינקט נאָך ביים וואַלד.
ווייל באַלד ווערט זי פאַרגיין, און באַלד
ווערט די פינצטערניש פאַרדעקן מיין געזאַנג.

# ווער קען הייסן משה לייב?

ווער קען הייסן משה לייב?
אַזוינער,
וואָס אויף זיינע ביינער
לויערט דער טרויער פון אַ וואָלף,
וואָס זיין וואַלד האָט מען גערויבט —
ער קען הייסן משה לייב.

ווער קען הייסן משה לייב?
דער מאַן,
וואָס גייט אַ געפענטעטער אין שפּאַן,
צעבייסט די קייטן,
און גיט ווי אַן אָדלער זיך אַ הויב —
ער קען הייסן משה לייב.

ווער קען הייסן משה לייב?
דער גאַרב,
וואָס קוקט אַראָפּ צו יעדן טאָג וואָס שטאַרבט
און רעוועט אויפן קול,
ווי טויב וואָלט געווען גאָט, טויב —
ער קען הייסן משה לייב.

ווער קען הייסן משה לייב?
דער קעניג,
וואָס מאַכט די זון, די שטערן, אונטערטעניק
און ליגט אין איובס העמד,
אַ פאַרשאָטענער אין שטויב —
ער קען הייסן משה לייב.

# די זאַמדן גליען

אַ מידער קעמל טראָגט מיין יאָך.
איך, אַ וואָגלער, גיי אים נאָך.

מיר גייען ביידע פון מצרים
אויפן וועג קיין ירושלים.

דער קעמל פרעגט: מאַין באת?
— ממרחקים מגלותא.

אַיה הארץ, הארץ שם?
און טייט מיטן פינגער קיין פדן אַרם.

דער קעמל טראָגט מיין יאָך לשמה.
ער גייט און שאָקלט אונטער: יאָ.

מיר גייען ביידע טראָט ביי טראָט.
איך פאָרש די קוסטן, טאָמער גאָט

אין פלאַם פון סנה וועט זיך דערקענען —
באָרוועס מעג איך דאָך געגענען.

איך זוך דעם משכן, די שטאַנגען —
אידן זיינען דאָ געגאַנגען.

דער קעמל מאַכט: אַדוני — מים.
מיר טרינקען וואַסער אויף לחיים.

מיר טרינקען אָפּ, און ווייטער ציען.
די שעה — צהרים, די זאַמדן גליען.

וואו די לוויים, דער שבט אפרים —
איז דאָס דער וועג קיין ירושלים?

# שטילע געזאַנגען

די זון שווייגט און שיינט.
זי שווייגט,
און שיינט,
און וואַרעמט דאָס געמיט —
אַ ליד.

2.
די בלום עפנט די ליפּן
און שווייגט.
זי שווייגט אין צוויט
און בליט —
אַ ליד.

3.
די צאַרטע פינגער אויף זיין קאָפּ
גלעטן אַריין גאָטס געבאָט.
ער טרינקט פאַרשיכורט פון איר מויל די טרויבן.
אַ שמעטערלינג צעשפּרייט די פליגלען אויף די שויבן.
צוויי הערצער שעפּעריש צעגליט —
אַ ליד.

4.
דער בוים טראָגט די פּירות אויף די צווייגן.
מיט מוטערשאַפט,
מיט דערגרייכטן שווייגן.

דער וואָגלער, פון זיין וואָגלען מיד,
טוט אויס דעם באַרג פון זיין וואָגלוועלט
און קניט —
אַ ליד.

## צו וועמען רעדט דער פּאָעט?

צו וועמען רעדט דער פּאָעט?
צום נס וואָס ער דאַרף באַווייזן.
גאָט הערט זיך צו ווי ער רעדט,
און זאָגט אים אונטער די גרייזן.

ער זופּט דעם קילן ווייַן,
און טראָגט דעם קראַנקן שמייכל,
אין אָנבליק פון ליכטיקן שייַן,
וואָס לינדערט דעם גזר פון זייַן שכל.

# אָפּטמאָל דאַכט מיר

אָפּטמאָל דאַכט מיר איך בין אַ האָלצהעקער ביי אייך,
גיט מיר אַ שטריק, אַ האַק, איך וועל האַקן האָלץ.
מיין קלייד איז פּראָסט, מיין שפּראַך ניט רייך,
אָבער מיין יחוס טראָג איך מיט אינערלעכן שטאָלץ.

איך בין אָנגעקומען פון אַ וויט, וויט לאַנד —
(וואויל איז אים וואָס ס׳איז אים ניט באַקאַנט)
גאָט האָט מיך אָנגערירט מיט זיין פרידלעכער האַנט:
גיי, איך פיר דיך צום אורקוואַל פון פאַרשטאַנד.

וויפיל מאָל בין איך אין וועג אַוועקגעפאַלן,
וויפיל טרערן האָבן געוואַשן מיין געזיכט,
נאָר דערפאַר וואָס כ׳האָב אין אָנזאָג געזען זיך צעשטראַלן
דעם וויטן האָריזאָנט אין יום־טובדיקן ליכט.

האָב איך אַלע וויטאָקן אין זיך אַריינגעשניטן,
ווי אַ מוטער די שניטן פון זויגלינגס ציין,
די לאָקנדיקע שטרויכלונגען האָב איך אויסגעמיטן,
נישט צו נערן מיינע ספקות, מיט עקשנות צו דערגיין.

איך בין אָנגעקומען אין אַ גוטער, אין אַ מזלדיקער שעה,
איך טרינק פון אייער חכמה ווי פון אַ קוואַליקן טייך,
איך ווייס נישט צי איר — איך ווייס אַז איך בין דאָ,
און וואויל איז מיר צו זיין אַ האָלצהעקער ביי אייך.

## ווער וויגט דעם הימל אַזוי איבער מיר?

**ווער** וויגט דעם הימל אַזוי איבער מיר?
זי וויגט דעם הימל אַזוי איבער מיר.
איך ליג אין דער וויג,
און זי ציט די זילבערנע שטריק.

ווער בלאָנדזשעט אויף מיר מיט איידעלע פינגער?
זי בלאָנדזשעט אויף מיר מיט איידעלע פינגער.
איך קוק אין דער נאַכט
דורך איר, וואָס שווייגט איבער מיר און וואַכט.

ווער זאָגט, קוש אויס די לבנה אַצינד?
זי זאָגט, קוש אויס די לבנה אַצינד.
דער נאַכטיקער טייך מעג זיך שעמען
פאַרן כישוף וואָס לאָקט אויף אירע ברעמען.

ווער רעדט אַזוי ליכטיק אין וואַלדיקער שטיל?
זי רעדט אַזוי ליכטיק אין וואַלדיקער שטיל.
אַלע שטערן שטייען און הערן,
דעם ערשטן ציטער פון בראשיתדיק ווערן.

ווער שווייגט אַזוי ציכטיק ליפּ צו ליפּ?
זי שווייגט אַזוי ציכטיק ליפּ צו ליפּ.
איך גלעט אירע האָר
און טוליע אין נאַכטיקן שלייער די ערדישע וואָר.

# איך געדענק אַזאַ מאָמענט

איך געדענק אַזאַ מאָמענט,
אונטער אַן עלבערט־צווייג:
זי האָט זיך געקושט מיט מיינע ליפּן,
ווי האָניק מיט אַ פייג.

די בלוזקע האָט געפלאַטערט —
אין גראָז אַ ווייסער ווינט.
זי האָט זיך געבויגן צו מיר
ווי אַ פּאַלמע אין ווינט.

אַ זיסע מידקייט
האָט מיין זעל באַצוואונגען.
כ'האָב אַריינגעזופּט איר גוטקייט,
טיף אין מיינע לונגען.

# אין אַ טאָג . . .

זי האָט געטראָגן אין די אויגן די פרייד.
דער ווינט האָט צעפלאַטערט איר זומערדיק קלייד.
און איך,
בין געשטאַנען מיט אומגעפּוצטע שיך.

זי האָט געשמייכלט מיט ליכטיקע ציין,
כדי צו באַווייזן ווי שיין זי איז, שיין.
און איך,
בין געשטאַנען מיט אומגעפּוצטע שיך.

זי האָט געסודעט דעם סוד פון פאַרמעג,
וואָס צויבערט דעם צויבער אַריין אין די טעג.
און איך,
בין געשטאַנען מיט אומגעפּוצטע שיך.

אַז דאָס ליכט האָט זיך געביטן, דער סיגנאַל,
האָט זיך פאַרקערעוועט אַ פאַרדרייטער שטראַל . . .
און איך,
בין געשטאַנען מיט אומגעפּוצטע שיך.

אין אַ טאָג,
ווען דער קאַפּעליוש האָט אָפּגעדעקט דעם פּליך.

# דער חכם

ער גרייכט צו די שטערן און נידערט אין טיפן.
די חכמה בראָדזשעט ביז איבער די קאַמאַשן
אין פאַרעקשנטער שליחות פון באַגריפן.
וואָרעם וואָס איז די פעולה פון אייביקן נאַשן
אַ טאָג, אַ טאָג, און נאָך אַ טאָג —
די טראַגי־קאָמעדיע פון זוניקן פראָלאָג.

אויב דער געוועלטיקער פון אומבאַגרייפלעכע סופן
לייגט זיך טאַקע קיינמאָל ניט שלאָפן,
פאַרוואָס־זשע פאַלן אין קאָפּ אַזויפיל ציגל?
ווער פאַרלעשט דעם אָטעם אין וויגל?
פאַרוואָס אָטעמט דער ווינט מיט גרויזאַמען צאָרן
אויף די אַלטע, נאַקעטע יאָרן?

כאָטש ער עסט שוין מיט לעפל און גאָפּל,
קריכט ער נאָך אַלץ ווי אַ וואָרים אויפן נאָפּל.
זינט דאָס לעמפל האָט אָנגעצונדן די נאַכט
זיצט דער חכם ביזן טאָג אַריין פאַרטראַכט.
און וואָס מער ער פאָרשט, און טוט זיך מוחן,
מער פאַררינגלט ווערט דער פראַגעצייכן.

## דער האַר פון טרויער

איינגעוויקלט אין שוואַרצן טלית,
וואו גייט ער וואו, דער האַר פון טרויער?
מיט גראָע פיס אויף אונדזער דלות.
און קיינער ווייסט נישט ווי אַזוי ער,

אַפילו ווען די זון צעשייערט
דעם הימל אין אַ רעגנבויגן,
טראָגט דעם טאָג אין זיך פאַרזייערט,
און פאַרדעקט אים מיט די אויגן.

פאַרהאַקט די שטיבער. זיינע טריט
דערשרעקן שוואַרצע קראָען,
וואָס גערן דעם טויט דעם פרישן ליבער
איידער זיינע שאַרבנס גראָע.

# ליכט אויפֿן דאָרן

וויפֿל דורות וויגט זיך דער דאָרן,
אין מדבר־דיקע קעלטן, אין זוניקן פֿייער;
ווינטן רייסן אים מיט מעסערדיקן צאָרן,
נאָר די האַנט וואָס היט אים געטריי,

האָט אים אין איר טויט פֿאַרקלאַמערט.
בערדיקע וואָגלער גייען פֿאַרביי

און הערן דעם אָפּקול פֿון זילבערנע כאָרן -
ווען קעמלען קניען אויפֿן זאַמדיקן אָוונט,
און אַ ליכטיקייט נידערט אויפֿן דאָרן.

# דער ליכטיקער צירקל

דער ליכטיקער צירקל באַהעלט
דעם גאַנצן אַרום פון מיין וועלט.
לוסיפער טאַנצט מיט די לאַנגע עקן
און קען דעם צירקל נישט באַפלעקן.

דער ליכטיקער צירקל צויבערט,
און לויטערט אַריבער די ברעגן,
און שלייערט מיט אָפּשיין די גייער
וואָס זוכן דעם וועג אויף די וועגן.

אַלע געדאַנקען־קוואַלן שטראַלן;
שטראַלן און קוועלן אַריבער.
ווייל גאָט האָט באַפוילן דאָס ליכט
צו העלן אין אונדזערע שטיבער.

# אַ בער, אַ קו, אַ פיש

וויין נישט נאַרעלע,
דער פעטער וועט קומען,
און דיך איינטוליען
אין אַ שיין מעשהלע,
וועט דיך ווערן וואַרעמער.

ער וועט דערציילן:
אַלע פוטערנע מאַנטלען זענען געווען בערן
מיט שווערע פיס און ווילדע ציינער;
וואָס האָבן פאַרצוקט
הירשן, רינדער און פיצלעך קינדער.

האָט מען זיי געשאָכטן מיט לאַנגע מעסער.
זענען פון חיות און ווילדע פרעסער,
געוואָרן בערן מיט פיינע מאַניערן;
מיט הויכע זאָקן און זילבערנע לאָקן,
וואָס שמייכלען ווי ווייַן און שפּאַצירן ווי בלומען —
וויין נישט נאַרעלע, דער פעטער וועט קומען.

ער וועט דערציילן:
אַ בלינדע קו האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אין פעלד.
האָט דאָס קעלבל, מיט טרערן אין די אויגן,
געמאַכט צו דער וועלט: מו! מו!
האָט די קו געהערט דאָס ביטער געוויין
און געקומען בשלום אַהיים — אין שטאַל,

און געחלומט: זי ליגט אין אַ ליכטיקן זאַל
און דער גרויזאַמער שוחט שטייט איבער איר
מיטן נאַקעטן חלף, און — אַט! אַט!
נאָר פלוצים, ביים תּאָוו פון ציל,
גיט אים אַ זעץ אַ שווערער מלאָט,
און ער פאַלט מיטן חלף טויט אויפן דיל.

און געלעגן איז זי גאָר אויף פשוטן שטרוי,
ביז דער הימל איז געוואָרן גרוי;
ביז דער האָן האָט געגעבן אַ קריי
אין אויער פון דער קו —
קו־קע־רי־קו!!

ער וועט דערציילן:
אַ פיש האָט אָנגעהויבן בייסן אין די שיפן.
האָט ער געזען אַ שיף מיט אַ גרויסן רוקן,
האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן
און זיך אָנגעהויבן אָן איר צו קראַצן,
זענען צעבראָכן געוואָרן אַלע טעלער,
און די בעטן מיט די מאַטראַצן
האָבן אָנגעהויבן טאַנצן ווי שיכורים אין אַ קעלער.

האָט דער קאַפּיטאַן זיך זייער דערשראָקן,
און איז אַריין אין ים מיט די זאָקן.
אַז דער פיש האָט דערשנאַפּט אַזאַ מאָדנע זאַך,
אין הויזן, האָט ער נישט קיין סך
געטראַכט און געעפנט דאָס מויל די גאַנצע הויך,
און פאַרשלונגען דעם קאַפּיטאַן ביז בויך.

דערווייל איז דער קאַפּיטאַן געקומען צו זיך,
און האָט אָנגעהויבן אַרומזוכן די שיף.
האָט דער פּיש געמיינט ס'קיצלט אים ווער.
האָט ער אָנגעהויבן אָטעמען שווער,
און שמייכלען, כלומרשט אויף שפּאַס.
איז דער קאַפּיטאַן געוואָרן נאָך מער אין כעס —

אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט
איז דער פּיש געשוואומען און געלאַכט,
ביז ער איז געוואָרן מיד און בלאַס...
האָט ער זיך אָנגעבלאָזן ווי אַ פּאַס,
און אַ שפּיי געטאָן דעם קאַפּיטאַן
אויפן שיף.

האָבן אַלע פּאַסאַזשירן פון גרויס פרייד
געפלאָכטן מיט די הענט אַ רונדע קייט,
און געטאַנצט צו שחרית, צו מוסף, צו נעילה —
איך גלויב זיי טאַנצן נאָך איצט אַפילו.

## ווער וואָיעט אויפן ים?

די קאַטשקעס זענען געווען.
די טעלער קלערן ליידיק.
די רייד שלאָפן שוין
ערגעץ וואו אויפן בוידעם.

דאָס לייב איז דורכזיכטיק
ווי אַ פלאַם אין לאָמפּ.
און די ליאַלקעס שלאָפן
אין אַ שוואָמען וואַלד.

אַזאַ רונדע גלאַטקייט.
לאָמיר זיך אויפעסן, טייערע.
אין רויטן אַש זאָל זשאַרן
די פאַרברענטע פייערן.
— — — — — — — — —

ווער וואָיעט אויפן ים?
ער רויכערט אַ שפּאָרע ליולקע
אַ גאַנצע, שוואַרצע נאַכט —
ער רויכערט זיין זילבערנע יונגשאַפט.

אוי ווי דער חלום בריט.
דער אמת איז נאָך ערגער.
בייס אַריין אין דיין בלוט
און שטאַרבן זאָלסטו ערגעץ.

ערגעץ נאָר נישט אָט־דאָ.
וואו לאַנגע מעסער שפּאַצירן
און נאָגן מיט זיסע ליפּן
די געטלעכקייט פון די צורות.

# פּאָרטרעט

(משה לייב׳יש)

זיין ליולקע שלאָפט אין שופלאָד
שוין שיינע עטלעכע יאָר.
נאָר אַמאָל נעמט ער זי אין באָד.
און רויכערט די ליולקע אין באָד —
נאַקעטערהייט.

איז אפשר נישט שיין,
צו ליגן ווי אַ סולטאַן צעשפּרייט,
און רויכערן נאַקעטערהייט
די ליולקע אין באָד.

נאָר ווער פאַרשטייט,
אַז ער זעט ווי די זון פאַרגייט
אין באָד — נאַקעטערהייט.

# אין שטילן אויפדערנאַכט

אין שטילן אויפדערנאַכט,
ווען גערוישן שווייגן,
הער איך ווי עס וואַכט
דער סוד אין אירע צווייגן.

איך קום צו איר אַריין
מיט מיין שטאָלצן גאַנג.
זי קניפּט זיך אין מיר איין,
פאַרקנוילט זיך ווי אַ שלאַנג.

סאַטינענע גלאַטקייט,
אויסגעטאָקטע שלאַנג,
וואָס פאַרצערט די זאַטקייט
מיט איר שמאָלן גאַנג;

וואָס פאַרדעקט דעם טרויער
און אייטערט אויף די פרייד —
איך בין אַ יונגער פויער,
יום־טובדיק פאַרשנייט.

איר געדוי איז אייביק,
און אייביק וועל איך טראַכטן,
און בענקען צו איר גלויביק
אין שטילע אויפדערנאַכטן.

# די גרענעצלאָזע הויכן

די גרענעצלאָזע הויכן וויל איך גרייכן.
איך וויל ניט זיין קיין שפּענדל אויפן שטראָם.
איך וויל אַוועקפליען פון די צוימען —
אין די אייביקע רוימען.

איך וויל נישט קיין זייגערס מיט שטאַרבנדיקע שעהן.
איך וויל נישט קיין בערד מיט אַ טויטלעכן גראָען.
איך וויל דעם הימל — זוניק באַהעלט,
זאָגן אַלע מאָרגן גוטמאָרגן צו דער וועלט.

איך וויל נישט די קלעפּ פון לאָפּעטעס ערד,
און אַלטע פינגער אויף קופּערנע קווערט.
איך וויל ווי דער זומער, זיך אויסציען אַ מידער
אין גאָלדענעם האַרבסט, און אויפוואַכן ווידער .

# די לידער וואָס כ׳האָב צעריסן

.1

די לידער וואָס כ׳האָב צעריסן
וועלן וויינען — ביטער וויינען,
און וואַנדערן מיט באָרוועסע פיס
איבער די שטעכיקע פליינען.
אַלע טראָפּנס טוי וועלן שוויגן
אין גרויסן מיטלייד.
באָרוועסע וואונדן —
מיינע צעריסענע לידער.

.2

ערגעץ וואָגלט אַ נישט־געבוירענער טאָג
און טראָגט אין די אָרעמס אַ קינד.
נאָר קיין פערדעלעך פאָרן נישט,
און קיין מאַלפּעס טאַנצן נישט,
און קיין פייגל זינגען נישט,
און קיין וואַסערלעך פליוסקען נישט,
און קיין בלימעלעך בליען נישט —
בלויז אַ געמיינער ווינט רייסט די לאָקן פון קינד.

.3

שטילער פון אַלץ ביסטו,
שווייגסט אויף אַלע אָקטאַוועס,
און גריבלסט אויס דעם תוך
וואָס פירט צום הייליקן שבת,

וואָס שוויגט מיט אַלע האָלצהעקער,
און טראָגסט אין די הייליקע הענט
ערב־ווערנדיקע טרייסטן,
וואָס טוליען זיך צו דיין אַקצענט ;

זיי קומען אין זיידענע לאַטשן
מיט אַן העפלעכן פאַרנויג,
און אַלע רעגנבויגנס
שפּילן אין דיין אויג.

# טרויער זינג אין מיר

טרויער זינג אין מיר.
נישט פון שניי וואָס איז צעגאַנגען.
נישט פון וואָלקן וואָס איז פאַרגאַנגען.
זינג דאָס ליד פון אַלע געזאַנגען.
זינג דעם אָנהויב — דעם ערשטן געשריי.
זינג דעם צאַפּל פון לעצטן פאַרגיי.
זינג דעם קוש וואָס ציטערט ווי אַ שטערן.
זינג דעם יאָ וואָס ווערט נישט אין ווערן.
זינג דעם פלאַטער וואָס דערהויבט זיך צו גאָט
און פאַלט מיט אַ צעבראָכענעם פליגל אַראָפּ.
זינג דעם מינוס און דעם פּלוס.
איך זאָל אויפשוימען פון איבערפלוס.

# די דייטשן-דיכטער

די דייטשן-דיכטער וואָס שרייבן לידער
זאָג איך: נידער.

שווייגט טויזנט יאָר.
און פון דור צו דור

זאָל אַ פלוך הויזן אין אייערע שטיבער,
ווי אין מיינע פוילישע גריבער.

שווייגט טויזנט יאָר.
און פון דור צו דור

זאָלט איר וואַכן אין די נעכט,
און זען ווי מען שעכט, שעכט, שעכט.

שווייגט טויזנט יאָר
און מער.
און זאָל זיך גאָט דערבאַרעמען אויף אייך,
נאָכער.

# אין מאַלקין

אין מאַלקין, וואו שינעס ליגן ווי גראָבע שלאַנגען,
דאָרט איז מיין אָנהויב אויפגעגאַנגען.
דאָרט אין אַ פאַרשימלטער הויז
האָב איך געגעסן ברויט מיט אַן אַלטער מויז.

די מאַמע דין און אָנגעבויגן,
ווי אַ מעסער וואָלט אין איר געלעגן.
דער טויט שרעקט מיר נישט מער.
נאָר איר מילדער פאַרגיין
קען נישט אַרויס פון מיין שווייגן.

## מיכל מיטן איכל

הייער. צוקער. מעל.
איכ׳ל מיר שרייבן אַ ביכל — איכ׳ל.

דראַטווע. לעדער. אָל.
איכ׳ל מיר נייען אַ שיכל — איכ׳ל.

טינטער. לעבן. פּאַפּיר.
איכ׳ל מיר שרייבן אַ ביכל — איכ׳ל.

אָנהויב. ווערן. וואָרים.
איכ׳ל מיר געבן אַ קריכל — איכ׳ל.

# איר זאָלט וויסן

איך וועל שטאַרבן פּלוצים אויף אַ באַן,
אָדער אויף אַ ים,
אין אַן עראָפּלאַן,
צי ביים לעצטן גראַם.

ווי עס זאָל נישט זיין,
וויל איך איר זאָלט וויסן:
כ׳האָב מיך געלויטערט אין אייער שיין
און לאָז אייך האַרציק גריסן.

וויל איך איר זאָלט וויסן:
כ׳האָב געדאַוונט שטיל צו גאָט
און אַ פּאָן געטראָגן פון אַלע ריסן.
גייט מיטן קלענסטן טראָט —

איר זאָלט אייך נישט יאָגן.
די זון זאָל מיך באַקלאָגן.

## װעלכער רמז ?

װעלכער רמז האָט מיך דאָ געפירט ?
איך בלייב שטיין אינדערמיטן,
װי אַ ציטער װאָלט מיך אָנגעריִרט.

דער שטח גיט זיך ניט קיין ריר.
אַ שטענדיקע געזעצטקייט
װאָס געדויערט צוליבן װיסט װאָס זיצט אויף איר.

איך שװייג טיפער און פּרוביר מיר זאָגן.
נאָר די װערטער שטאַרבן
װי צאַרטע טויבן אויפן טויטן באָדן.

איך היל מיך איין אין זיך.
די שקיעה װאָס צינדט אָן דעם אָװנט
באַגיסט מיך מיט אַ פייערדיק ליכט.

# בעקער־טאַטע

דאָס בלינדע אויג — וואָס וויל עס ?
איך טראָג דאָך לאַנג שוין
זיין גורל אויף די קוליעס.

די גאַס האָט אויסגעטאָן דעם יאָך.
טונקעלע לאָמפּן פון מיטן־דער־וואָך.

פון דער זייט שוועל זע איך זיין געשטעל :
אַ מעליקע קאָפּ אויף אַ טאָרבע מעל.

דער פלאַם באַקט דעם ערדענעם פנים.
איך לאָז אים דאָ און לייג זיך אָן אים.

באַגינען וועקן מיך די שווערע טריט.
בעקער־טאַטע. איין־אויג איד.

# דאָס־אָ ליד בין איך

דאָס־אָ ליד בין איך.
איך פאַרנויג מיך קאַוואַלעריש
און זאָג אייך, גוט מאָרגן בעריש.

איך בין געקומען ווי אַ פויגל
מיט אַ בלאַט אין מויל.
און זאָג אייך אָן קאַטעגאָריש:
ס׳איז ניט אַזוי גוט, און ניט אַזוי וואויל.

נאָר גאָט צו דאַנקען פאַר דער גרינער ערד,
און בלויען חלום,
וואָס מ׳קען נאָך אומגעשטערט
פון וואָכעדיקן, יאָכעדיקן כאָמעט
אַ פלי טאָן — אַ פייערדיקער קאָמעט.

# אינהאַלט:

## איך וועל טראָגן מיין לאַסט


איך וועל טראָגן מיין לאַסט ........... 7
ער איז אומעטום ........... 8
זינגפויגל ........... 9
מה טובו ........... 10
אַ געזאַנג פון שיינקייט ........... 11
ביים ברעג פון די טעג ........... 12
דאָס שטילע געמאַל ........... 13
וועסט אים נישט כאַפּן ........... 14
גאָט דער גערעכטער ........... 15


## אין האַרבסטיקן געמיט


דער גרויער טויער ........... 19
די דמיונדיקע שעה ........... 20
אין האַרבסטיקן געמיט ........... 21
ש. ניגער ........... 22
פּאָרטרעט ........... 23
דער שיינער טויטער ........... 24
צוליב אַ קלייניקייט ........... 26
איינגעקריצט אין קאָרע ........... 27
מאַנאַ ליזאַ ........... 28
פאַרלאָשענע פאַרלאַנגען ........... 29
דער נאַכטיגאַל ........... 30
אַלץ איז קלאָר ........... 31
פון אַלע לבנות ........... 32


## דער ליכטיקער טרויער


דער ליכטיקער טרויער ........... 35
אַ שטיקל הימל איז גענוג ........... 37

אַ לאַנד מיט גרינע גרעזער . . . . . . . . . . 38
די נאַכט פון צוויי . . . . . . . . . . . . 39
דער שיינער לעאָן . . . . . . . . . . . 40
דאָס איז מוט . . . . . . . . . . . . . 42
דער קליינער וואָרים . . . . . . . . . . 43
ווער קען הייסן משה לייב ? . . . . . . . . 44
די זאַמדן גליען . . . . . . . . . . . . 45
שטילע געזאַנגען . . . . . . . . . . . . 46
צו וועמען רעדט דער פּאָעט ? . . . . . . . 47
אָפּטמאָל דאַכט מיר . . . . . . . . . . . 48
ווער וויגט דעם הימל אַזוי איבער מיר ? . . . . 49
איך געדענק אַזאַ מאָמענט . . . . . . . . 50
אין אַ טאָג... . . . . . . . . . . . . 51
דער חכם . . . . . . . . . . . . . . 52
דער האַר פון טרויער . . . . . . . . . . 53
ליכט אויפן דאָרן . . . . . . . . . . . . 54
דער ליכטיקער צירקל . . . . . . . . . . 55

## אַ בער, אַ קו, אַ פיש

אַ בער, אַ קו, אַ פיש . . . . . . . . . . 59
ווער וואָיעט אויפן ים ? . . . . . . . . . 63
פּאָרטרעט . . . . . . . . . . . . . . 64
אין שטילן אויפדערנאַכט . . . . . . . . . 65
די גרענעצלאָזע הויכן . . . . . . . . . . 66
די לידער וואָס כ׳האָב צעריסן . . . . . . . 67
טרויער זינגט אין מיר . . . . . . . . . . 69
די דייטשן־דיכטער . . . . . . . . . . . 70
אין מאַלקין . . . . . . . . . . . . . 71
מיכל מיטן איכל . . . . . . . . . . . . 72
איר זאָלט וויסן . . . . . . . . . . . . 73
וועלכער רמז ? . . . . . . . . . . . . 74
בעקער־טאַטע . . . . . . . . . . . . . 75
דאָס־אָ ליד בין איך . . . . . . . . . . 76

